# א י ך

איך בין ווי מיין קלייד —
שטיל פייער און זייד,
מיינע טונקעלע וויעס
פלאַטערן און ציטערן
ווי די זיידענע ברעגן
פון מיין קלייד;
און פון מיין דורכזיכטיקן נאַקן
ציט זיך אַרויף מיין האַלז
ווייס און דין,
און פאַרביינקט נאָך טויט.

# דאָס ליד

איך זע —
עס הייגנען אָפּגעהאַקט די אוזאָרן
אויפֿן ברעג פֿון טוך
און שטרעקן זיך אומזיסט...
אָפּגעהאַקטע געלבלאַכע קלאָווישן,
בלייכע שפּיצנפֿינגער, אויערלאַך —
ליפּלאַך האַלבע שטרעקן זיך —
שטרעקן זיך אומזיסט...
און עס הויבט זיך אָן אַזוי
באַ מיר דאָס ליד.

* * *

דו האָסט געעפֿנט פֿאַר מיר דיינע אויגן
ווען דו האָסט גערעט,
איך האָב געזען די באַליידיקונג און שמייכל
אויף דיין נשמה;
און איך האָב געוואָלט זאָגן:
דיינע אויגן זיינען אָפּענע וואונדן,
פּאַמעלאַך — ניט רייד...

## פ אַ ר נ אַ כ ט

מיט גרויס־אויגיקן אומעט קוקט דער פאַרנאַכט,
דער פרעמדער פאַרנאַכט פון אויסערן שטאָט.
די שווערע בערג צעוויגן זיך, צערינען זיך.
אָפּגעהאַקטע פאַלן אום די בוימער
בא דעם הימל ראַנד,
זיי שטייען אודאי אויף, אויף יענער זייט
אין טאָגן לאַנד;
דאָ, צעשפּרייט זיך אין טיכער
דאָס דיקע, דראַזשענדיגע בלוי —
איך ציטער, פול ווי א טראָפּן טוי —
פול מיטן פאַרנאַכט, — ער איז אין מיר פאַרגאַנגען.

# בלויער פרילינג

דער בלוי־לאכנדיקער פרילינג רעגן
בייטשט אויף מיט בייסנדיקע בייטשן
די אַלטע ערד צום לעבן.
דיינע בלויע בליקן
בייטשן אויף מיין מיד געוואָרן בלוט.
דיינע בלויע בליקן
רעגענען פרילינג אויף מיין געבויגענעם רוקן ;
און איך גלייך זיך אויס —
איך גלייך זיך אויס צו דיר.
אויף מיינע ליפּן עפנט זיך דער שמייכל
פון רייפקייט קלוג
און מיינע הענט — מיינע ווייסע אויסגעשרייען
אין זיי איז ווידער דאָ דער כח און דער פלאַטער פון זעגלען.

## א ו מ ע ט

נישטיקער אומעט!
צי האָט דיר דעם וועג צו מיר געוויזן
די זון וואָס שמייכלט היינט מיט ווייסע טרערן?
צי דאָס אומדאַנקבאַר וואָרט וואָס איז געפאַלן
היינט פרימאָרגן פון זיין מויל?
אָדער, האָבן שוין אויף מיין חבר׳טעס
יונגן קבר די גרעזלאַך אויפגעשפּראָצט
און איך דערשמעק זיי אין דעם ווינט —
אָדער, די וואַלד אויגן פון געשטאָרבענעם קינד?
גאָלדענער אומעט, גאָלדענער אומעט.
דו בויגסט מיך ווי אַ וויינענדיקע ווערבע.

## דיין מידער קאָפּ

דיין מידער קאָפּ הייננט אויף מיין נאַקן
ווי אַ פּאַר׳חלש׳טע רויז,
איך פּיל ניט איר געוויכט,
איך פּיל בלויז דעם אָטעם
וואָס קייקעלט זיך פון דיין מויל
ווי ווייסע, ווייכע רויזנבליטאַלאַך
און שיטן זיך פּאַנאַנדער
איבער מיין קלייד.

* * *

איך וועל אַרומנעמען מיינע אַקסל
מיט מיינע ווייכע הענט,
צומאַכן די אויגן,
ווען אַלע מיינע אומרוען און אַנגסטן
ווי פויגל פרייגעלאָזענע
זיך אַוועקטראָגן פון מיר.
איך וועל אויף אַ גאָלדענעם שטריק
זיך אַראָפּלאָזן טיפער, טיפער,
אין די טיפענישן פון מיין שלאָף.
בויגזאַם ווי אַ זאַנג,
אָדער אין מיין נאַקעטקייט ווי דאָס מיידל פון דער לבֿנה,
אָדער גאָר ווי אַן אויסגעטראַכטע אין זילבערנע סאַנדאַלן,
וועל איך אומוואַנדלען
זוכן אַ ווייסן וועג,
אין די טיפע, בלוי־רויטע היילן
פון מיין שלאָף.

## ש נ י י

דער בלאָסער הימל הייננט איבערן טאָג
ווי אַ מיידלש פּנים.
מיידלש־קלאָרער, פּוכיק, בלויער שניי.
דאָס לייב איז גרינג, די טריט — קוים, קוים זיי רירן אָן
די בלויע שטערנדלאַך אין שניי..
דער רוים איז גרויס — איך בין אַ ווייסער פויגל,
איך שנייד די לופט מיט מיין ברוסט
כאָטש איך שטיי פאַרגאַפט.

* * *

פון דיין גאָלדענעם קאָפּ ביז דיין איידעלן טראָט
ביזטו באַלויכטן מיט לבנה שיינקייט —
מיין גאָלדן אינגל.
פון מיר צו דיר
שפּרייט איך אין מיינע חלומות
ברייטע מירמלנע טרעפּ;
צווישן חלום און וואָר
וועל איך קומען צו דיר,
אַזוי ווי דו ווילסט מיך
מיט מיינע טונקעלע צעפּ.

. . .

דער בלויער הויך איז אויסגעגאַנגען
אויפֿן ווייסן שניי
ווי די בלויע קינדישקייט אין דיינע אויגן —
איך האָב ניט ליב דעם שניי אָן זיין פּראַסטיקן בלוי,
אָ, פֿאַר וואָס מוז איך יעדן טאָג קוקן ווי ער רינט אַ ברודיקער
איבער די שוואַרצע באַקן
פֿון די בערג?

# נעם מיך

מוטער־נאַקעט שטיי איך פאַר דיר.
מיט זוניקע הענט צי איך צו דיר.
מיט ליכטיגע גלידער זינג איך צו דיר. —
נעם מיך ווי די וואַרימקייט פון שטראַל,
נעם מיך ווי דעם וויין פון ווינט,
נעם מיך ווי פריש וואַסער צו דיין הייסן לייב;
נעם מיך ווי אַ זוניקן טאָג —
נעם מיך און זינג מיך! און לאַך מיך!
לאַך מיך אויפן קול!

* * *

איך ווייס ניט פאַרוואָס
גיי איך היינט מיט אַזוי פיל צערטלאַכקייט
אַרום זיך אַרום;
כמעט אויף די שפּיצפינגער.
איך קוק אין שפּיגל:
מיינע האָר לייגן זיך מיט קלוגשאַפט און מיט ליבשאַפט,
דאָס פּנים אויסגעצערטלט בלייך...
אַרום די אויגן טונקלען זיך סודות —
און אין די שוואַרצאַפּלען דערקען איך —
דאָס ביסטו —

## כ ו ו אַ ל י ע ם

כוואַליעס וואָס דו האָסט אויפגעברויזט אין מיין האַרץ
שלאָגן זיך אָן אָן די ברעגן פון מיינע ליפן,
ווי עס שלאָגט זיך אָן דער ים אָן זיינע ברעגן
און בלייבט דאָך שטום.
נאָר מיינע אויגן בלייבן ניט שטום —
זיי בלייבן ניט שטום, מיינע ניט פאַרדעקטע אויגן,
און איך באַהאַלט זיי ניט פאַר דיר.

## גערן אומגערן

גערן אומגערן — אומגערן גערן,
טוסט אַ שפּיל אויף מיר מיט דיינע אויגן,
טוט אַ זינג צו דיר מיין בלוט לבנה'ק העל.
שטערן כאַלעשן פאַרצערט —
ברי ניט אומגערן מיט דיינע פינגער.
גערן, גערן, פאַל איך ווי אַ זאַנג
אונטער דער קאָסע פון דיין ליפּ.

# א ו י ג ן

אויגן, אויגן, מידע שטערן
פון א זומער נאַכט
טוקן זיך און פינקלען ווידער
אין מיין בלויער נאַכט.

נאָר מיין בלוט צום פּנים שלאָגט זיך
פון דעם קלאָרן שיין; —
קוקט ניט, קוקט ניט, מידע אויגן,
אין מיין הארץ אריין...

ס'האָבן אויגן שוין פון פריער
אין מיין הארץ געגליט;
איינגעטונקט זיך, אויסגעלאָשן,
ווידער אויפגעבליט.

אויגן, אויגן, מידע שטערן,
פון א זומער נאַכט,
טוקן זיך און פינקלען ווידער
אין מיין בלויער נאַכט.

## מ י י ן ל י ב ע ר

מיין ליבער, דו ביסט ווי שאַרפער געווירץ.
די ביטערע ריחות פון דיינע רייד
פאַרגייען מיר אין די אויגן.
די ביטערע ריחות פון דיינע רייד
בויגן מיך ווי דער ווינט דאָס לאָזע שטיינגל
און נויגן מיך אָפּ פון דיר,
און נויגן מיך אָפּ פון דיר.
נאָר דיינע הענט זיינען ווי זון־שטראַלן,
זיי צעמישן מיין וועג.
אָ, מיין ליבער,
פאַרוואָס זאָלסטו ניט זיין ווי דאָס לויטערע וואַסערל
אין וועלכן איך זע מיין פּנים —
און פאַרוואָס זאָלן דיינע רייד ניט זיין
ווי די קלאָרע שטיינדלאַך אויף זיין גרונט.

## ו ו ע ן

ווען דער נאַכט הימל פּאַטשט מיט די פליגל
ביי די ברעגן וואו דאָס זאַמד איז שוואַרץ,
זיינען מירביידע מיד פונם טאָג
און פון די שעה'ן,
וואָס ליגן ווי שווערע שטיינער
אין די זוימען פון אונזערע קליידער.
לאָזן מיר די שווערע קליידער פון די אַקסל פאַלן
און מיר ביידע — ערשט געבאָרענע, האַלבע לבנה'ס
גיסן זיך צוזאַמען,
שטופּן אָפּ די מידקייט...
און לאָזן זיך אַוועק, אויף די שפּיציקע וואַלן פון שלאָף,
אין אַ זילבערן שיפעלע.

## איינמאָל בלויז

איינמאָל בלויז האָב איך געזען
די זאַנפטע בלויע הימלען
פאַרחלומטע זיך טרינקענדיק אין דיינע אויגן.
נאָכדעם זיינען אַלע מאָל
די אויגן דיינע
געווען קאָלירלאָז, גרוי,
און אָפט —
ווי קליינע, גרינע זומפּעלאָך,
וואָס בליאַסקען מיר ביינאַכט.
נאָר מיך אַרט דאָס ניט.
מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ,
און מיט דעם דאָרשט,
וואָס שפּרייט זיך ווי אַ פלאַם דורך מיינע גלידער
אייל איך אַלע מאָל אַהין וואו דו ביסט דאָ —
ווייל איינמאָל האָב איך געזען,
די זאַנפטע בלויע הימלען
פאַרחלומטע זיך טרינקענדיק
אין דיינע אויגן.

# ווען דו ווערסט אוועק

ווען דו ווערסט אוועק פון מיין האנט, פון מיין שטוב,
פון מיין גאס,
ווערסטו מיטנעמען:
די ווארימקייט פון מיין האנט,
דאס ליכט פון מיין שטוב,
און פון די גראזן, וואס וואקסן אויף מיין גאס
ווערסטו ארויסציען דאס גריז.
זיי וועלן זיך נויגן ווי איך צום טויט
ווען דו ווערסט אוועק.
נאר מיר איז ליב די רו פון טויט
ליבער ווי דיינע ניט ליבע רייד.

# אין נאַקעטן הערבסט

אין נאַקעטן הערבסט איז דער אמת,
אין דיינע פינגער ווי נאַקעטע צווייַגן,
אין אָפּגעדעקטע פעלדער,
אין די פולע פרוכטן וואָס שווייַגן.

מיך רעגט ניט די פּוצונג פון פלאַנצן
ווי דאָס יונג־מיידלשע צוויטן ;
אין נאַקעטן הערבסט איז דער אמת,
און זים איז די פרוכט, ניט די בליטן.

# די ליבע

די ליבע האָט אַ זונג געטאָן,
די ליבע האָט אַ שפּיל געטאָן
אויף איר שמאָלן פּייפל
ביי מיין קליינעם ברעג —
און איז אַוועק —
ווי עס גייט אַוועק די פאַרביקייט,
די האפּטיקייט פון בליטן.
איך בין געבליבן היטן —
די גרויע באַביצעם — די טעג.

* * *

באַגערן צייטיקן ווי דאָס לייב
און צערן דאָס לייב און צערן,
מיין שיינער אינגל, וואקל ניט דיין טראָט,
אָנגעשכורט האָסטו מיינע שטערן.

דו וועסט קומען,
אין די אויגן פאַרפּלאָנטערטע נעצן.
איך וועל עפענען מיין טיר;
דו וועסט לייגן דיין מאַנלאַכן שטאָלץ
ווי אַ קראַנץ פאַר מיר.

איך וועל זיין אומענדלאַך ווי די נאַכט,
דו וועסט ווי דער טאָג אין מיר פאַרזונקען ווערן —
נאָר ווי די נאַכט געבערט דעם טאָג,
וועל איך דיך צוריק אַ לויטערן געבערן.

## ה ע ר ב ס ט

איך האָב ליב געהאַט דעם הערבסט ווי אַ פרעמד לאַנד
איידער איך האָב דיך געקענט.
ביסטו געקומען,
האָסט געעפנט פאַר מיר די קופער־טויערן פון פרעמדן לאַנד.
היינט זיינען מיר נאָענט די נאַקעטע שטאַמען פון הערבסט
ווי מיינע אייגענע שוועסטער און ברידער,
ווייל דו ביסט מיר נאָענט —
דו ביסט אַ נאַקעטער, הערבסטיקער שטאַם —
איך לייען אַזוי גוט דיינע טיפע קאַרבן.

## אַ טאָג

הייזער — שווערע, טעמפּע קעפּ
שפּאַרן אָן אין נידעריקן בויך פון הימל,
מענטשן קליינע אויפן שליאַך
פּלאָנטערן די פיס אין דרעמל.

סטייעס קליינע פויגל ציען דרום וואו,
זיי רעגן ניט דאָס האַרץ מיט זייער רוף פון פליגל,
די זון — אָט איז די זון; זי איז קליין און טרויעריק
קליין און טרויעריק ווי מיין טאַשן שפּיגל.

## ר ו

דער הימל האָט פאַרוויגט די בערג
אין זיינע בלויע אָרעמס —
גאָלדיק־דרעמלענדיקע נאָכמיטאָג שעה.
שעפּסענע וואָלקנדלאַך, גראָזן און בינען
שפּינען דאָס אור־אַלטע ליד פון רו —
שפּין מיך אַרום, אור־אַלטע רו,
דרעמל מיך איין ווי דעם באַרג.

## ק נ י י ט ש ן

קנייטשן.
דינע ווערימלאך ארום מיינע אויגן,
באַרואיקט מיך,
דערציילט:
דער שטורים איז פאַריבער.
ערגעץ וואו
אויפ׳ן רוקן פון ווינט,
טראָגט זיך
ווי פיל־פאַרביקער שטויב
די בליאונג פון מיין פרילינג.
איצט וועלן קומען
שטילע זאָרגפעלטיקע טעג,
וואָס וועלן זיך ציען
ווי א מיט־זומער נאָכמיטאָג.

# מ י י ן  ק י נ ד

אירע האָר זיינען דיקע קאַשטאַן־האָר,
ווי מיינע;
נאָר איר קול'כל איז יונג ווי טוי.
איצט, ווען זי זינגט פון איר לערבוך,
ציט עס זיך אַרויף,
ווי אַ דין זיידן־פעדימל,
און ציטערט און שפּליטערט זיך..
ווייסע בליטעלאַך פון ערשטן קינדער־טרויער
שיטן זיך אַראָפּ
און פאַלן
מיט די בעקעלאַך אין ווייכער לופט.
איך שטיי פון ווייט;
איך בין דאָך נאָר איר גרויסער שאָטן,
וואָס וואַכט איבער איר,
און ציטערט.

## פ ר י ל י נ ג

דער פרילינג קומט,
מיין טאָכטער בליט,
יונגע גרעזלאַך שפּראָצן
פון מיין גאָרטנס ערד.
ווינטלאַך ווי די פויגל וואַנדערן איין,
ווינטלאַך שכר'ן איין מיט זייער ווייַן —
איך בין אומעטיק אין פרילינג
אומעטיק ווי אין א פרעמד לאַנד.

## אַ גאַנצע נאַכט

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געהערט דעם רעגן,
ער איז געגאַנגען מיט דיינע טריט,
מיט דיינע טריט אַ גאַנצע נאַכט...
מיין וואַכיק אויער, מיין ווארים בעט
האָבן זיך גענאַרט מיט רעגן טריט,
מיט רעגן טריט אַ גאַנצע נאַכט.
אַזוי ווי אַ שלאַנג האָט זיך פאַרקנוילט דאָס האַרץ
אַנטקעגן טאָג וואָס איז געקומען אַליין —
אַנטקעגן טאָג וואָס איז געקומען אַליין —
אויף מיין האַלז אַ גרויער שטיין.

## אַ, מיין שפּראַך

אַ, מיין שפּראַך,
דו ביסט זילבעריק בלוי —
דו ביסט ליכטיקער גאָלד.
און וואָס טו איך מיט דיר ? —
איך שפּיל זיך מיט דיר
ווי קליינע מיידלאַך מיט זייערע פּופּעס,
מיט זייער שפּילצייג אויפן דיל —
איך פאַרווירבל זיך אין מיין שפּיל.
נאָר אָפט שנייד איך מיינע ליפּן איבער דיר,
צי דיך פון מיינע זאַנפטע צעלן,
און ווי אומזיכטבאַר־גאָלדענע שטריק
פאַרוואַרף איך דיך צום הימל.
איך פלעכט דיך אין פורעמס נאָך מיין געשטאַלט
איך פליק דיך ווי בליטן פון אַ ווייסן וואַלד ;
פון אַ זילבערנעם וואַלד.

# פון מײַנע שלאַנקע גלידער

פון מײַנע שלאַנקע גלידער װײנען קינדער ניט געבוירענע,
װאָס װילן דורך מײַן ליַיב די װײַסע װעלט דערזען
און אויפבליען אונטער דער זון
מיט קעפּלאַך געקרויזלטע,
אויגלאַך ברייט פאַרװאונדערטע,
שװאַרצינקע און בלוי.
נאָר טיף אין זיך פאַרטויב איך
יענע קלאָרע שטימעלאַך
מיט טויזנט שטימען פון אַ פיבערישן דראַנג,
צו זײַן װי איצטער, אײביק אַזוי בויגזאַם, אַזוי שלאַנק
און פריי פאַר מײַן קאַפּריז,
פאַר נעכט געשטערנטע,
און פאַר דײַנע צערטלענדיקע הענט —
זאָלן מײַנע טעג כאָטש װערן האַסטיקער פאַרשװענט,
אַז דאָרטן װאו איר װאַרט —
איר בלויע, שװאַרצע אויגעלאַך אונטער די װײַסע טויערן
קומען זאָל איך יונג צו אײַך.
איך װעל אײַך שטיל צונױפֿנעמען
אונטער מײַנע מאַמע פליגלען
און אויף עפּעס טרויערן
און װײנען שטיל מיט אײַך.

* * *

מיינע ווייסע פינגער,
אין וועלכע איך באהאלט מיינע אויגן
לייכטן פאַר מיר
ווי גאָלדענע ליכט.
שליאַכן עפענען זיך, ברייטע שליאַכן,
גאָלדענע שליאַכן —
איך קען נאָר חלומ׳ען
נים זיי באטרעטן.

# ב י י ם  ב רע ג

איך זיץביים ברעג,
איבער מיר די הויכע דעמבעס רוישן
און שפיגלען אָפּ זייערע קעפּ
אין דעם טיפן, גרינעם טייך.
קומען ווינטלאַך מיט פויגל
און קנייטשן אויס די פלאַך פון טייך
ווי די זאָרג א גלאַטן שטערן —
און די וועלן — שטילע, פאַרשעמטע
ווי קינדער ליפּלאַך —
פלאַפּלען עפּעס פאַר מיינע פיס.

## װען דער הערבסט קומט

װען דער הערבסט קומט איבערן לאַנד
באַהאַלטן זיך פֿלאַמיקע שטיקער זומער
בײַ יונגע פֿרױען
און שמעלצן זיך איבער זײערע רײַפֿע אַקסלען,
פֿליסן אַרונטער אונטער זײער הױט;
און די פֿרױען — פֿאַרהילטע זומערס —
טראָגן זיך דורכן װינטער
מיט גליענדיקע טריט.

## ד ו

דו צאַרטער, מיט די קינדיש בלויע אויגן,
אין אַ רעגנדיקן טאָג
האָסטו אויפגעשיינט פאַר מיר;
האָסט מיך מיטן שירם ביז דער באַן באַגלייט,
דאַן דערלאַנגט דיין ווייסע האַנט.
און דיינע אויגן — בלויע בלימלאַך,
האָבן אין דעם רעגן זיך אַ וויג געטאָן,
ביסט פאַרשוואונדן.
נאָר דורכן פענצטערל פון באַן,
אין דעם קרומען גאַנג פון רעגן,
האָבן אויפגעבליצט און זיך געוויגט
בלויע בלימלאַך צווי.

* * *

מיין געוויין איז פרילינג רעגן אין דיין הערבסט,
דאָרשטיק שלינגען דיינע קנייטשן מיינע טרערן ;
אין דיינע אויגן פלאַקערט אויף גרין גראָז —
די זון, וואָס איך האָב יונג געמאַכט פאַר דיר
רוקט איר טיפן שאָטן אויף מיין שטערן . . .

* * *

אויף מיין טאָג האָט זיך געלייגט אַ פּאַס ווייסער שימער,
אַ ווייסער שטעג האָט זיך געלייגט אין מיין טאָג;
איך וועל היינט טראָגן מיין נשמה אויף אַ ווייס קלאָר טעלערל
ווען איך וועל באַדינען מיינע געסט;
און שפּרייטן אין זיך דעם ווייסן שטעג
אונטער האַלב פאַרמאַכטע אויגן.

## זוניקע פאַרגעסנקייט

1

קליינע און גרויסע אומרוען און אַנגסטן,
וואָס צערן מיך טעג און טעג,
וואָס מאַכן פלאַך מיין ברוסט
און בלייך מיין פּנים —
גייען צום סוף אַוועק און שלאָפן איין
אונטערן באַרג,
וואו עס שלאָפן אַלע בייזע חלומות;
און לאָזן מיך רוען.

אַ פרישער פרימאָרגן
וויגט מיך
אין זון ליכט און אין פאַרגעסנקייט.

2

זוניקע פֿאַרגעסנקייט,
ווי אַ קרישטאָלענער ים,
אויף דיין רוקן וויג איך זיך
און שווים
מיט האַלב־אָפענע אויגן .
אַ ווייסער הימל מיט רו
זיפט זיך דורך מיין מח
און עס שפינט זיך,
עפעס פאַרשפינט זיך,
ס'איז שוין טויט.
איך וויג זיך ווייטער
אויפן זוניקן רוקן
אויפן קרישטאָלענעם רוקן.

3

אויף די ראָזע ווענט פון מיין צימער
זינגט די זון,
קיינער הערט ניט איר געזאנג;
נאָר מיין נשמה וואָס איז מיד —
מיין נשמה וואָס איז מיד
וויגט זיך אונטער אַ בוים פון גאָלדענע גלעקלאַך,
פון גאָלד שמייכלדיקער רו,
און די זון זינגט דאָס ליד
פון זוניקן פאַרגעסן,
און וועבט גאָלדענע שפּינוועבס
אויף מיין וואונד.

* * *

דער טאָג איז היינט אַזוי דורכזיכטיק,
דורך און דורך זון בליטן,
זון בליטן און שמייכלען.
פאַר וואָס דאַכט מיר אַז דער טאָג איז אַ וואונד
וואָס איך טאָר ניט אָנרירן ? —
איך וויל זיך ניט דערמאָנען —
איך וועל גיין דורכן טאָג מיט לייכטע, לייכטע טריט,
איך וועל גיין ביי די ברעגן
ניט אָנרירן די וואונד אינם טאָג.

## ע ר  א ו ן  ז י

**זיינע רייד**

האָבן בייזע פייערלאַך געצונדן אין אירע אויגן.
און פון וואַנען האָט זיך גענומען אַהער
אַ שיפּנדיקע שלאַנג ?
און די שווערדן אין זיינע בליקן ! —
עס האָט זיך איר געוואָלט דעם כח האָבן
און אַ טרייסל טאָן די ווענט,
זאָל נעמען האָגלען ליים און שטיינער
אויף זייערע ביידנס קעפּ —
אָבער זי האָט נאָר געהאַט דעם כח פון אַ פלאַקער,
פון אַ פלאַקער וואָס ווערט שנעל פאַרצערט ;
און זי האָט זיך דערמאָנט
אַז שטאַרקער פון איר קאָפּ זיינען די ווענט.
און זי האָט זיך דערמאַנט,
אַז זיין בלוט האָט לאַנג געפּענטעט
אירע פיס און הענט —
און ווי זי וואָלט געהערט דעם ברוך פון אַ צווייג,
האָט זי דערהערט די ווייכקייט אין איר קול —
ער האָט אַ שמייכל געטאָן גיך, ווי אַ דערשראָקן קינד —
די שווערדן האָבן זיך געלאָשן.

* * *

נאָכדעם איז איר קאָפּ געלעגן שטיל
אין זיינע קני
און ס'האָט זיך איר געקלערט:
ווי גוט ס'וואָלט זיין ווען זי זאָל קענען אוסרינען
פון אונטער זיינע גלעטנדיקע הענט,
ווען זי זאָל זיין אַ דינער שטראָם
וואָס בויגט זיך אויס און איין
און לויפט אַוועק, אַוועק
און ענדיקט קיינמאָל ניט דעם לויפנדיקן וועג.

## מ י י ן  ג ל י ק

עס איז אַ פאַרביק פלאַטערל
דאָס קליינע גליק
וואָס טאַנצט פאַר מיר;
און איז אַזוי פאַרענדערנדיק —
ווי קען איך כאַפּן זיינע פאַרבן?
ביינאַכט נאָר
פאַלט דאָס גליק מיט די פליגל אויף מיין האַרץ,
זיס דריקט זיך צו מיר
דאָס געוויכט פון שוואַרץ —
מיט ווייסע אַרעמס קלאַמער איך עס אַרום.
דאָך, ביים פרימאָרגן ליכט
ווידער טאַנצט און שעמערירט,
דאָס קליינע פלאַטערל — מיין גליק
און איז אַזוי פאַרענדערנדיק.
מיט טרערן אויגן פינטל איך,
און קען ניט כאַפּן זיינע פאַרבן.

## איך בין יונג

איך בין יונג, מיינע אויגן זוכן עפּעס, ערגעץ,
היים בריען מיך די סודותדיקע ווינטן פון דער נאַכט;
דו ביסט קלוג און מיד אויפגעדעקטע זיינען אַלע סודות
וואָס דאָס פולע לעבן האָט אין דיין שוים געבראַכט.

איך, איך ביינק נאָך רייד פון ליבע אויסגעחלומט
וואָס שיינקען מיר די ערד אוועק, דעם הימל ווי קרישטאַל.
דו — דו שמייכלסט קלוג, ווייסט דעם סוף פון אַלע דיינע ווערטער
וואָס דו האָסט אויף דיין יונגן וועג צעזייט אַמאָל...

## פון באַן

טרויעריק האָבן אַראָפּגעקוקט די פענצטערלאַך פון באַן,
און מיט אַ פּייַף וואָס קילט דאָס בלוט
האָט זיך די באַן
געטאָן אַ וויג אין וועג;
פון אַ נאָענטן פענצטערל
האָט דיין קאָפּ אַרויסגעשטעקט,
דיינע אויגן — הימלדיק, טרויעריק
האָבן מיך באַגלייט,
ביז איך בין אַ קליינטשיק פּינטעלע געוואָרן;
ביז דאָס פּינטעלע האָט זיך פאַרלאָרן —
אויבן האָט זיך נאָך געדרייט דער שוואַרצער רויך
ווי אַן אייזערנע קייט,
און איך האָב ניט פאַרשטאַנען
צוליב וואָס עס ליגט אַ וועג
אַביסל באַרג אַרויף,
וואָס פירט צו מיין שטוב.

## ווען איך זאָל קינדערלאַך געבוירן

ווען איך זאָל קינדערלאַך געבוירן,
יעדן יאָר אַ קינד ביז איך וועל האָבן צען;
ווי וואונדערלאַך דאָס וואָלט געווען.
איך וואָלט זיי דורך די טעג געזויגן און געוויגט,
און אין די אוונטן וואָלט איך ביים קליינעם ליכט
לייבעלאַך פון וואָל פאַר זיי געשטריקט.
העמדעלאַך און ווינדעלאַך וואָלט איך פאַר זיי געוואשן,
פארטאָג, ווען אַלע שלאָפן,
וואָלט איך זיי צעהאַנגען אויף די שטריק,
און וואָלט אַ ווייליקנע געשטאַנען,
געקוקט אין גרויסן, בלויען הימל
אויב ס׳וועט היינט רעגענען,
און ס׳וואָלט מיין הארץ באהאלטן אנגעקוואָלן
פון דעם שירך, שאָרך
וואָס דער ווינט מאַכט
טרייבנדיק די שטריק היין און הער;
אויפבלאָזנדיק בייכלאַך אין די העמדלאַך און ווינדעלאַך
ווי די פאַנען פון אַ זעגלשיף —
די פאַנען פון מיין זעגלשיף —
ווי וואונדערלאַך דאָס וואָלט געווען.

## דער טאָג

לאַנגוויילִיק און פויל און אויסגעצויגן,
ווי די בהמה וואָס ליגט אויף אַלע פיר,
דרעמלט דער טאָג אונטער דער זון,
מיט צעשפּרייטע לאַפּעס,
און פילט ניט ווי ער רוקט זיך דרעמלענדיק
באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ —
נאָר פון דעם לעצטען טרייסל ביים מערב ראַנד
כאַפּט זיך אויף דער טאָג,
מיט צעגליטע בהמה'שע אויגן
אין דער זינקענדיקער זון.

## ר ע ג ן

דער רעגן איז געפאלן אין דער זון
ווי טראָפּנס טרערן
אויף גלאַנציקע קינדערשע בעקלאַך,
ווי איידעלע בליטן האָט ער זיך צעזייט;
פּלוצלינג — האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן
ווי אַ מחנה יונגע, שטאַלטנע אינגלאַך
וואָס גייען ריטמיש
בייטנדיק די פיס איבער דער ערד.